# הִלֵל הַזָקֵן

דִי צַייט, דָאס לֶעבֶּען אונ ווירְקֶען פוּן דיזֶען
פְרוּמֶען, גֶעדוּלְדִיגֶען אונ קְלוּגֶען תַּנָא.

---

פון

ח. א. מושקאט

פערלאג „עזרא"

---

ברדיטשוב
דרוק פון חיים יעקב שעפטיל
שנת תרנ"ט לפ"ק



פרייז 8 קאפ'

# הִלֵל הַזָקֵן

די צייט, דאס לעבען און ווירקען פון דיזען פרומען, געדולדיגען און קלוגען תנא.

---

פון

ח. א. מושקאט

פערלאג „עזרא"

בארדיטשוב

דרוק פון חיים יעקב שעפטיל

שנת תרנ"ט לפ"ק

---

# Дѣдушка Гилелъ

его жизнь, характеръ и ученіе

Соч.

Х. А. Мушката

Изданіе „Эздры" Бердичевъ

1899

אִין דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע בֶּעגֶעגְנֶען מִיר אַ מֶערְקְווִירְדִיגֶע עֶרְשַׁיינוּנְג, שְׁטֶאנְדִיג וֶוען מִיר הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין אַ קְרִיטִישֶׁער לַאגֶע, וֶוען דִי צָרוֹת אוּנְ נוֹיטְה הָאבֶּען זִיךְ ווִי שְׁוַוארְצֶע ווָאלְקֶענְס אָנְגֶערוּקְט אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע קָאפּ אוּנ אוּנְז פִינְסְטֶער גֶעמַאכְט אִין יֶעדֶער ווִינְקֶעלֶע – אִין אַ זֶעלְבֶּע צַייטֶען פְּלֶעגְט אוּנְז מִיט אַ מָאל אוֹיפְשַׁיינֶען אַ לֶעכְטִיגֶער שְׁטֶערְן אוּנ דֶערְלַייכְטֶען אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זִיךְ קָאנֶען אַרוּמְקוּקֶען, וואוּ מִיר גֶעפוּנֶען זִיךְ אוּנ אוֹיף ווֶעלְכֶען אוֹפֶן מִיר זָאלֶען זִיךְ רֶעטֶען פוּן אוּנְזֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער לַאגֶע.

דֶער דָאזִיגֶער לֶעכְטִיגֶער שְׁטֶערְן אִיז בַּיי אוּנְז שְׁטֶאנְדִיג בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן אַיין אֵיינְצִיגֶער פֶּערְזָאן פוּן אֵיין מַאן, ווֶעלְכֶער הָאט דוּרךְ זַיין גְרוֹיס פְרוּמְקַייט, עֲנִיווּת אוּנ גֶעטְרַייְשַׁאפְט צוּם פָאלְק, פֶערְדִיעֶנְט דָאס לִיעבְּשַׁאפְט פוּן דֶער גַאנְצֶער נַאצְיָע, אוּנ מִיט זַיין חָכְמָה אוּנ הוֹיכֶען פֶערְשְׁטַאנְד גוּט אַיינְגֶעזֶעהֶען ווִי אַזוֹי אוֹיסְצוּזוּכֶען הִילְף פַאר זַיין פָאלְק אִין יֶעדֶער פֶערְלֶעגֶענְהַייט.

אַזַא לֶעכְטִיגֶען שְׁטֶערְן, אַזַא ווִיכְטִיגֶען גְרוֹיסֶען מַאן הָאבֶּען מִיר יוּדֶען זֶעהר נֵאטְהִיג בֶּעדַארְפְט מִיט הוּנְדֶערְט יָאהר פְרִיהֶער, פַאר דֶעם חֻרְבָּן בַּית שֵׁנִי. מִיר הָאבֶּען דֶעמָאלְט אִיבֶּערְגֶעלֶעבְט זֶעהר אַ שְׁלֶעכְט שְׁטִיקֶעל צַייט, זֶעהר בִּיטֶער גֶעלִיטֶען. דֶעמָאלְט הָאט אוּנְז אָנְגֶעהוֹיבֶּען שַׁיינֶען, צְווִישֶׁען דִי אִיבֶּערִיגֶע גְלֶאנְצֶענְדֶע שְׁטֶערְן, דִי בֶּערִיהְמְטֶע יוּדִישֶׁע מֶאנֶער, ווֶעלְכֶע גָאט הָאט אוּנְז בֶּעשֶׁערְט אִין יֶעדֶען דוֹר – דֶער בֶּעוואוּסְטֶער פְרוּמֶער אוּנ קְלוּגֶער תַּנָּא הִלֵּל, ווֶעלְכֶער אִיז אוּנְז בֶּעקַאנְט מִיטְ'ן נָאמֶען: „הִלֵּל דֶער אַלְטֶער" (הִלֵּל הַזָּקֵן), אָדֶער הִלֵּל פוּן בָּבֶל (הִלֵּל הַבַּבְלִי). מִיט זַיין לֶעבֶּענְס־גֶעשִׁיכְטֶע ווִילֶען מִיר דָא דֶעם לֶעזֶער בֶּעקַאנְט מַאכֶען.

אַ גֶעבּוּרְטִיגֶער – בְּעֵרֶךְ 145 יָאהר פַאר'ן חֻרְבָּן בַּית שֵׁנִי – אִיז עֶר גֶעווֶען פוּנ'ם לַאנְד בָּבֶל אוּנ הָאט גֶעשְׁטַאמְט פוּן דִי דָארְטִיגֶע גְרֶעסְטֶע מְיוּחָסִים. פוּן דֶער מוּטֶער'ס צַד אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן מַלְכוּת בֵּית דָוִד. דָאס גְרוֹיסֶע לִיעבְּשַׁאפְט צוּ זַיין הֵיילִיגֶען פָאטֶערְלַאנְד, אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל, אוּנ נָאךְ מֶעהר, דֶער גְרוֹיסֶער שֵׁם פוּן דִי צְווֵיי גְרוֹיסֶע גֶערִיהְמְטֶע לַייט, שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן, דִי

רָאשֵׁי סַנְהֶדְרִין אִין יְרוּשָׁלַיִם, בַּיי וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעוָואלְט לֶעשֶׁען זַיין בְּרֶענֶענְדִיגֶען דוּרְשְׁט צוּ תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה, הָאבֶּען אִיהם, וִוי אַ מַאגְנִיט, גֶעצוֹיגֶען צוּ דֶער הֵיילִיגֶער רֶעזִידֶענְץ, וִויהִין עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען זֵעהר אָרֶעם אָהן אַ פְּרוּטָה גֶעלְד אוּנ אָהן אַ שׁוּם מִיטֶעל צוּם לֶעבֶּען.

עֶר הָאט דַוְקָא גֶעהַאט אַ רַייכֶען בְּרוּדֶער מִיט דֶעם נָאמֶען שֶׁבְנָא, בַּיי וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט צוּ גֶעפִינֶען שְׁטִיצוּנְג אַזוֹי, אַז סֶע זָאל אִיהם וֶוענִיגְסְטֶענְס נִיט פֶעהלֶען אוֹיף קַיין לֶעבֶּענְסמִיטֶעל, כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ קָאנֶען אִין גַאנְצֶען אִיבֶּערְגִיעבֶּען צוּם לֶערְנֶען, אָהן אַ שׁוּם אִיבֶּערְשְׁלָאג. נָאר דֶער רַייכֶער בְּרוּדֶער אִיז תָּמִיד גֶעוֶוען פֶערְנוּמֶען אִין זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיפְן אָרֶעמֶען בְּרוּדֶער הִלֵל, וֶועלְכֶער אִיז דָא גֶעקוּמֶען נוּר תּוֹרָה לֶערְנֶען, וֶוענִיג וָואס אוּמְגֶעקוּקְט. הִלֵל הָאט דֶערִיבֶּער בַּיי זִיךְ גֶעפִוּעלְט, אַז עֶר זָאל פוּן זַיין רַייכֶען בְּרוּדֶער גָאר נִישְׁט הֶנָאָה זַיין, אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעסֶער בֶּעשֶׁעפְטִיגְט מִיט וָואס עֶר הָאט נוּר גֶעקֶאנְט, אַבִּי צוּ הָאבֶּען זַיין אוֹיסְקוּמֶענִישׁ אוּנ לֶעבֶּען מִיגִיעַ כַּפָּיו, פוּן אֵייגֶענֶער מִיה. זַיין טֶאגְלִיכֶער פֶערְדִיעֶנְסט אִיז אֵייגֶענְטְלִיךְ גֶעוֶוען זֵעהר וֶוענִיג, אוּנ דֶערְפוּן הָאט עֶר נָאךְ גֶעמוּזְט אַרָאפְּגִיעבֶּען הַאלְבּ דֶעם שַׁמָשׁ פוּנְ'ם בֵּית הַמִּדְרָשׁ כְּדֵי זַיינֶע טִיהרֶען זָאלֶען פַאר אִיהם זַיין אָפֶען צוּ יֶעדֶער צַייט; גָאר עֶר אִיז מִיט זַיין לַאגֶע פוּנְדֶערְסְטוֶועגֶען זֵעהר צוּפְרִידֶען גֶעוֶוען אוּנ הָאט זִיךְ קַיינְמָאל נִיט בֶּעקְלָאגְט אוֹיף זַיין אָרֶעם לֶעבֶּען. עֶר פְלֶעגְט נָאךְ אַנְדֶערֶע, וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעוֶוען אִין זַיין שְׁטַאנְד, טְרֶאסְטֶען מִיט רֵייד, צוּגִיעבֶּען מוּטָה אוּנ הָאפֶענוּנְג, פֶערְזִיכֶערֶענְדִיג אַז דֶער, וָואס לֶערֶענְט תּוֹרָה אִין אָרֶעמְקַייט הֶעלְפְט אִיהם גָאט דֶערְנָאךְ צוּ לֶערְנֶען זִי אִין גְרוֹים עֲשִׁירוּת.

וֶוענֶען זַיין גְרוֹים לִיעבְּשַׁאפְט אוּנ אִיבֶּערְגִיעבֶּען זִיךְ מִיט לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען צוּם לֶערְנֶען דֶערְצֶאהלְט אוּנְז דִי פָאלְקְס-לֶעגֶענְדֶע אַזוֹי:

אֵיינְמָאל, אַז הִלֵל הָאט נִיט גֶעהַאט צוּ בֶּעצָאהלֶען, וִוי גֶעוואֹהנְלִיךְ, דֶעם אוֹיפְזֶעהֶער פוּנְ'ם בֵּית הַמִּדְרָשׁ פַארְ'ן אַריינְגַאנְג, אוּנ דִי טִיהר אִיז גֶעוֶוען פַאר אִיהם פֶערְמַאכְט, אִיבֶּער וֶועלְכֶען הָאט נִישְׁט גֶעקֶאנְט אַריינְגֶעהֶען לֶערְנֶען, נָאךְ זַיין שְׁטַייגֶער, אִיז עֶר אַרוֹיף אוֹיפְ'ן דַאךְ פוּנְ'ם בֵּית הַמִּדְרָשׁ, אוּנ זִיצֶענְדִיג בַּיים דַאךְ-פֶענְסְטֶער הָאט עֶר זִיךְ אַיינְגֶעהֶערְט צוּם לֶערְנֶען פוּן דִי רָאשֵׁי

סַנְהֶדְרִין אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ. סְ'אִיז דֶעמָאלְט גְרַאד גֶעוֶוען אַ וִוינְטֶער־טָאג, סְ'אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁטַארְקֶע קֶעלְט אוּנ סְ'הָאט גֶעשָׁאטֶען אַ גְרוֹיסֶער שְׁנֶעע; הִלֵל אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען אַזוֹי פֶערְטִיפְט אִין דֶער תּוֹרָה צוּ וֶועלְבֶער עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעהֶערְט, אַז עֶר הָאט גָאר נִיט בֶּעמֶערְקְט, וָואס אַרוּם אִיהם טְהוּט זִיךְ, אוּנ וֶוען מֶע זָאל אִיהם גְרַאד נִיט גֶעוֶוען בֶּעמֶערְקֶען, וָואלְט אִיהם דֶער שְׁנֶעע גֶעוֶוען אִין גַאנְצֶען פֶערְשִׁיט אוּנ עֶר וָואלְט גֶעוֶוען דֶערְפְרוֹירֶען גֶעוָוארֶען פוּן קֶעלְט.

דִי עֶרְשְׁטֶע אוּנ בֶּעסְטֶע לֶעהְרֶער, בַּיי וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעלֶערֶענְט תּוֹרָה, זֶענֶען גֶעוֶוען דִי צְווֵיי גְרוֹיסֶע גֶעלֶערְנְטֶע, שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן, דִי רָאשֵׁי סַנְהֶדְרִין אִין זַיין צַייט, בַּיי וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעלֶערֶענְט פִיעל חָכְמוֹת אוּנ שְׁפְּרַאכֶען. יֶעדֶער וָוארְט, וָואס עֶר הָאט בַּיי זֵיי גֶעלֶערְנְט אִיז בַּיי אִיהם גֶעוֶוען אַזוֹי טְהַייעֶר, אַזוֹי אָפְּגֶעהִיט, אַז וֶוען עֶר הָאט עֶפֶּעס נָאכְ־גֶעזָאגְט פוּן זֵייעֶרְטְווֶעגֶען, הָאט עֶר עֶס נָאכְגֶעזָאגְט פוּנְקְטְלִיךְ מִיט דֶעם לָשׁוֹן אוּנ אוֹיסְדְרִיק, ווִי סְ'אִיז אַרוֹיס פוּן זֵייעֶר מוֹיל, נִישְׁט מְשַׁנֶה צוּ זַיין, חָלִילָה, אוֹיף דָאס מִינְדְסְטֶע.

אַ סַךְ יָאהְרֶען הָאט עֶר פֶערְבְּרַאכְט מִיט לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה אִין גְרוֹיס אָרֶעמְקַייט אוּנ דַחְקוּת. וֶוענֶען זַיין אָרֶעם לֶעבֶּען פְלֶעגְט מֶען אָפְּט שְׁמוּעֶסֶען אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוּנ זָאגֶען, אַז אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט וֶועט בַּיי דֶעם בֵּית דִין שֶׁל מַעְלָה קֵיינְעם גָאר קַיין פֶערְאֶנְטְווֶערוּנְג נִיט זַיין, אַז מְ'הָאט נִיט גֶעקָאנְט לֶערְנֶען קַיין תּוֹרָה אִיבֶּער אָרֶעמְקַייט, ווַייל מֶע דַארְף שׁוֹין נִיט קַיין גְרֶעסֶערֶען אָרוּמְמַאן, ווִי הִלֵל אוּנ פוּנְדֶעסְטְווֶעגֶען שְׁטֶערְט עֶס אִיהם גָאר נִישְׁט צוּם לֶערְנֶען. זַיין נָאמֶען, אַלְס גְרוֹיסֶער, פְרוּמֶער גֶעלֶערֶענְטֶער אוּנ קְלוּגֶער מַאן הָאט גֶעשְׁטַייגְט אַלֶע מָאל הֶעכֶער אוּנ הֶעכֶער אַזוֹי, אַז וֶוען דִי שְׁטֶעלֶע פוּן אַ נָשִׂיא אִין דִי סַנְהֶדְרִין אִיז לֵעדִיג גֶעוָוארֶען, אִיז קַיין אַנְדֶערֶער נִיט גֶעוֶוען זִי צוּ פֶערְטְרֶעטֶען אַ חוּץ אִיהם.

צוּ פֶערְטְרֶעטֶען דִי גְרוֹיסֶע שְׁטֶעלֶע פוּן אַ נָשִׂיא אִין דִי סַנְהֶדְרִין אִין יֶענֶער צַייט הָאט גֶעקָאנְט פֶאהִיג זַיין נוּר אַ מַאן, וֶועלְכֶער בֶּעזִיצְט יֶענֶע זֶעלְטֶענֶע אֵייגֶענְשַׁאפְטֶען, מִיט וֶועלְכֶע נוּר אֵיין הִלֵל אַלֵיין הָאט זִיךְ אוֹיסְ־גֶעצֵייכֶענְט. אַזַא הוֹיכֶע מַדְרֵגָה פוּן אָפֶענְהֶערְצִיגְקַייט, עֲנָיוּת, סַבְלָנוּת אוּנ

מֶענְשֶׁענְלִיכֶע, בַּיי וֶועלְכֶער הִלֵל הָאט גֶעהַאלְטֶען, קָאן זִיךְ נוּר גֶעפִינֶען בַּיי אַ מֶענְשֶׁען אַ אוֹיסְנַאהם, וֶועלְכֶען דִי פָארְזֶעהוּנְג (הַשְׁגָחָה) שִׁיקְט אַרָאפּ צוּ אַזַא צַייט, וֶועלְכֶע נֶעטְהִיגְט זִיךְ אִין אַזַא פַּארְשׁוֹין, אוּנ דֶער דָאזִיגֶער זֶעלְטֶענֶער פַּארְשׁוֹין פַאר יֶענֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט אִיז גֶעוֶועֶן אוּנְזֶער גְרוֹיסֶער תַּנָא הִלֵל.

מִיר זֶעהֶען כִּמְעַט אִין אַלֶע צַייטֶען, אַז וֶוען אַ פָאלְק אִיז בֶּעשֶׁערְט צוּ פֶערְלִירֶען זַיין פְרַייהַייט אוּנ אַנְשְׁטַאט צוּ פִיהרֶען אַ פְרַייעֶן לֶעבֶּען פַאר זִיךְ אִין זַיין אֵייגֶען לַאנְד, מוּז עֶס נֶעמֶען אוֹיף זִיךְ דֶעם שְׁוֶוערֶען יָאךְ פוּן אַ ווִילְד פְרֶעמְדֶען אוּנ דֶער נָאךְ גָאר אִין גַאנְצֶען אִיהם אָפְּטְרֶעטֶען דָאס לַאנְד — אַז שְׁטֶאנְדִיג הוֹיבְּט זִיךְ אָן דֶער אוּמְגְלִיק פוּן מַחֲלוֹקֶת אוּנ שְׁטְרַייט צְווִישֶׁען דִי אַנְפִיהרֶער פוּנ׳ם פָאלְק. דָאס פָאלְק צוּטְהֵיילְט זִיךְ גֶעוואהנְלִיךְ אוֹיף פַּארְטִייעֶן וֶועלְכֶע שְׁטְרַייטֶען מִיט גְרוֹיס שִׂנְאָה אֵיינֶע אַ קֶעגֶען דֶער אַנְדֶערֶער. דָאס לַאנְד וֶוערְט פוּל מִיט בְּלוּט אוּנ רְצִיחוֹת אִיבֶּער דֶער מָאס. קֵיינֶער ווִיל דֶעם אַנְדֶערֶען נִישְׁט נָאכְגִיעבֶּען, נִישְׁט מְוַתֵּר זַיין פוּן זַיינְס אוֹיף דָאס מִינְדְסְטֶע, אוּנ זוּכֶען זִיךְ הִילְף בַּיי אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער. דָאס פְרֶעמְדֶע פָאלְק קוּמְט זִיךְ מִיט אַ פְרוּמֶער מַאסְקֶע אַז עֶר מֵיינְט נוּר אַיינְצוּשְׁטִילֶען דָאס מַחֲלוֹקֶת אוּנ צוּ בְּרֵיינְגֶען שָׁלוֹם אוֹיף דֶער וֶועלְט, אָבֶּער קוֹים שְׁטֶעלְט עֶר נוּר אַרַיין אַ פוּס אִינְ׳ם לַאנְד, וֶוערְט עֶר שׁוֹין דָארְט אַ גַאנְצֶער בַּעַל־הַבַּיִת, סְ׳אִיז שׁוֹין פוּן אִיהם נִיט פָּטוּר צוּ וֶוערֶען אַזוֹי, אַז מֶע מוּז, צוּ לֶעצְט, דָאס לַאנְד פַאר אִיהם אָפְּטְרֶעטֶען.

דָאס נֶעמְלִיכֶע הָאט זִיךְ, צוּם בֶּעדוֹיעֶרֶען, אִין יֶענֶער פִינְסְטֶערֶער צַייט אוֹיךְ גֶעטְרָאפֶען מִיט אוּנְזֶער פָאלְק יוּדֶען. עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט יָאהר הָאבֶּען שׁוֹין יוּדֶען ווִידֶער גֶעהַאט גֶעלֶעבְּט רוּהִיג, גֶעלֶעבְּט אִין זֵייעֶר לַאנְד, ווִי אַ פְרַייעֶ זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיג פָאלְק, אוּנ זֵינְט ס׳הָאבֶען רֶעגִירְט דִי מְלָכִים פוּן דֶער בֶּערִיהמְטֶער פַאמִילְיֶע חַשְׁמוֹנָאִים הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין גָאר נִיט גֶעוְוִיסְט פוּן קֵיין עוֹל פוּן פְרֶעמְדֶע פֶעלְקֶער. דִי דָאזִיגֶע גְלִיקְלֶעכֶע צַייט הָאט זִיךְ אָבֶּער מִיט אַמָאל אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסצוּלָאזֶען, דוּרְךְ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען שְׁטְרַייט צְווִישֶׁען דִי צְווֵיי בְּרוּדֶער הוֹרְקָנוֹס אוּנ אַרִיסְתּוֹבֻּל, דִי לֶעצְטֶע פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים. וֶועלְכֶע הָאבֶּען גֶעטָהאן אַלֶערְלֵיי הִתְפַּעֲלוּת, אֵיינֶער דֶעם צְווֵייטֶען פוּנ׳ם וֶועג אָפּ־

צוזאַמען און אַליין רעגיערען . געגוג יודיש בלוט איז אין דער דאָזיגער קריעג פאַרגאָסען געוואָרען . יעדער פון זיי האָט געזוכט הילף ביי זייטיגע פרעמדע פעלקער . וועלכע האָבען זיך מיט פערגעניגען בענוצט מיט דעם געלעגענהייט , זיך אַריינצומישען אין יודישע אינטערעסען . עס פערשטעהט זיך , ניט לשם שמים , נאָר פשוט צו ליעב זייערע אייגענע נוצען :

אויסגעלאָזט דערפון האָט זיך נאָר , אַז נישט הורקנוס און נישט אַריסטובל זענען געבליעבען קאָניגען איבער יודען , אָבער גאָר אַנ׳אַנדערער אַפילו נישט אינ גאַנ צ ען אַפרעמדער , אָבער דאָך אַ פרעמדער : דאָס איז געוועזען הורדוס , וועלכער האָט געשטאַמט פונ׳ם פאָלק אדום און וועלכען ס׳איז געראָטען דורך ערמה זיך אונטער צו חנפ׳ענען צו די חשמונאים און חתונה האָבען מיט דער בעריהמטער מרים די חשמונאית .

הורדוס איז געוועזען זעהר אַ שלעכטער מענטש , פאַלש און חיטרע , ווי אַ פוקס , איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען צו די בלוטיגע יודעשע פיינט , די רומיים . ביי איהם איז רעכט געוועזען , אַז טייכען יודעש בלוט זאָלען זיך גיסען פאַר זיינע אויגען , אַבי דורך דעם קומען צו זיין ציעל . די גאַנצע פאַמיליע פון זיין פרוי מרים האָט ער אומגעבראַכט פון דער וועלט ביז איינעם , כדי קיינער זאָל איהם ניט בלייבען שטעהען אין וועג צו דער מלוכה .

נישט דאָ איז דאָס אָרט צו בעשרייבען אַלסדינג , וואָס דער דאָזיגער אכזר האָט איבערגעטהון אינ׳ם לאַנד יהודה , מיר וועלען נאָר אין קורצען דערצעהלען , אַז נאָך פיעל בלוט - פאַרגיסען און מיט דער הילף פון די רומיים איז ער מיט גוואַלד געוואָרען מלך איבער יודען . מען קאָנן זיך לייכט פאָרשטעלען די גרויסע שנאה , וואָס דאָס גאַנצע יודעשע פאָלק פון גרויס ביז קליין האָט געטראָגען אין האַרצען אויף דעם דאָזיגען טיראַנישען און פאַרהאַסטען קעניג הורדוס , און ווען נישט שמעיה און אַבטליון , וועלכע האָבען נאָך דעמאָלט געלעבט און וועלכע האָבען מיט זייער קלאָרען און גוטען פערשטאַנד איינגעזעהען , אַז ס׳איז שוין אַ פערפאַלענע זאַך , אַז נישט נאָר מען וועט דער צו ניט העלפען , נאָר מען קאָן זיך אַסך ערגער מאַכען — ווען נישט זיי זאָלען זיך דעריבער געוועזען בעמיהען איינצושטילען דאָס פאָלק און איינרעדען , צו טראָגען מיט געדולד דעם שווערען עול פון זייער

שְׁרֶעקְלִיכֶען קֶענִיג, פוּן וֶועלְכֶען ס'אִיז שׁוֹין אוּנְמֶעגְלֶעךְ זִיךְ צוּ בֶּעפְרַייֶען— וֶוען נִיט דִי דָאזִיגֶע צְוַויי גְרויסֶע לַייט, דִי רָאשֵׁי סַנְהֶדְרִין, וֶוער וֵוייסְט וָואס מֶען וָואלְט פוּן אִיהם נָאךְ גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען. עֶר וָואלְט זִיכֶער גֶעוֶוען אַ הֶל גֶעמַאכְט, חָלִילָה, פוּנ'ם גַאנְצֶען יוּדִישֶׁען פָאלְק, ס'זָאל פוּן דֶעם קֵיין זֵכֶר נִיט בְּלַייבֶּען.

אִין דִי פִינְף אוּנ צְוַאנְצִיג יָאהר צַייט וָואס שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן זֶענֶען גֶעוֶוען דִי עֶרְשְׁטֶע אִין דִי סַנְהֶדְרִין, אִיז זֵייעֶר מִיה נִיט גֶעוֶוען אוּמְזִיסְט. זֵיי הָאבֶּען דֶערְלַאנְגְט זֵייעֶר צִיעל, צוּ בֶּערוּהִיגֶען דָאס פָּאלְק, ס'זָאל נִישְׁט קוּמֶען צוּ קֵיין אוּנְצוּפְרִידֶענְהֵייט אוּנ צוּ קֵיין בּוּנְט. בֶּעזוּנְדֶער אִיז זֵיי גֶערָאטֶען וַוייכֶער צוּ מַאכֶען דָאס טִירַאנִישֶׁע הַארְץ פוּן הוֹרְדוֹסְ'ן אוּנ אִיהם אַריינְגֶעבֶּען אַ חֵשֶׁק צוּ גֶעפֶעלֶען דֶעם פָאלְק דוּרְךְ גוּטֶע מַעֲשִׂים, צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע ס'אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען דִי אוּנְטֶערְנֶעהמוּנג אִיבֶּער צוּ בּוֹיֶען דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וֶועלְכֶעס עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף אַ פִיעל שֶׁענֶערֶער אַרְט, וִוי דָאס פְרִיהֶערִיגֶע. שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן זֶענֶען אָבֶּער עֶנְדְלִיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ מִיט דֶער צַייט הָאט זִיךְ צוּרִיק אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסוַוייזֶען דִי שִׂנְאָה צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק אוּנ הוֹרְדוֹסְ'ן, עֶר הָאט ווִיעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסווייזֶען אַ זֶעלְכֶע גְרוֹיזַאמֶע מָארְדֶערַייעֶן, וֶועלְכֶע הָאבֶּען ווִידֶער דֶערוֶועקְט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע פֶערְהַאסוּנְג צוּ אִיהם אִינְ'ם הַארְצֶען פוּנ'ם גַאנְצֶען פָאלְק. פוּן דֶער גַאנְצֶער פַאמִילְיֶע חַשְׁמוֹנָאִים, ווֶעלְכֶע אִיז אִינְגַאנְצֶען גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער וֶועלְט, דוּרְךְ זַיינֶע רוֹצְחִישֶׁע הַאנְד, זֶענֶען נָאךְ לֶעבֶּען גֶעבְּלִיבֶּען צְוַויי נְפָשׁוֹת, אַ מוּטֶער מִיט אַ טָאכְטֶער, מִרְיָם זַיין פְרוֹי אוּנ אִיהר מוּטֶער אַלֶכְּסַנְדְרָה. הוֹרְדוֹס הָאט זֵיי צוּ לֶעצְט אוֹיךְ נִיט פֶערְשׁוֹינְט אוּנ הָאט זֵיי אוֹיךְ אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אַחוּץ פִיעל אַנְדֶערֶע פוּן דִי פָארְנֶעהְמְסְטֶע לַייט פוּנ'ם פָאלְק. אַזַא אַכְזָרִיוּת הָאט שׁוֹין גֶעקָאנְט אַרוֹיסְבְּרֵיינְגֶען דָאס פָאלְק פוּנ'ם גֶעדוּלְד אוּנ עֶס אוֹיפְהֵייבֶּען אַרוֹיסְצוּטְרֶעטֶען אַ קֶעגֶען אִיהם מִיט אַלֶע כּחוֹת, וֶוען אוֹיךְ וִויכְטִיגֶע פָארְאוֹיס, אַז מֶען וֶועט דֶער מִיט נָאר נִיט אוֹיסְפִיהְרֶען.

צוּ פֶערְהִיטֶען דֶעם דָאזִיגֶען בּוּנְט, וֶועלְכֶער וָואלְט זִיךְ גֶעווִיס זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג אוֹיסְגֶעלָאזְט, אִיז נָאר אִין שְׁטַאנְד גֶעוֶוען אַזַא פַּארְשׁוֹין, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט דָאס צוּטְרוֹיעֶן פוּנ'ם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנ אִיז גֶעוֶוען בֶּעשֶׁענְקְט

מִיט דִי אַלֶע גוּטֶע מִדוֹת, וִוי עֲנָווֹת, סַבְלָנוּת, אוּנ מֶענְשֶׁענְלִיבֶּע, מִיט וֶועלְכֶע שְׁמַעְיָה אוּנ אַבְטַלְיוֹן הָאבֶּען זִיךְ הֶאכְסְט אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט אוּנ דוּרְךְ וֶועלְכֶען זֵיי הָאבֶּען פֶּערְהִיט דָאס פָּאלְק פוּן אוּמְגְלִיק אִין זֵייעֶר צַייט. אוּנ אַזַא גְאטְהִיגֶער פַּארְשׁוֹין צוּ דֶער רֶעכְטֶער צַייט אִיז דֶענְמָאלְט גֶעוֶוען זֵייעֶר עֶרְשְׁטֶער אוּנ בֶּעסְטֶער תַּלְמִיד הִלֵל, וֶועלְכֶער הָאט גֶעפוּנֶען אַלְס עֶרְשְׁטֶען הֵיילִיגֶען חִיוּב פַאר זִיךְ, תֵּכֶף נָאךְ זַיין פֶערְטְרֶעטֶען דִי שְׁטֶעלֶע פוּן אַ נָשִׂיא אִין דִי סַנְהֶדְרִין, אַיינְצוּפְּלִיסֶען אִינְ'ם פָאלְק סַבְלָנוּת, שָׁלוֹם אוּנ לִיעבְּשַׁאפְט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, בַּיי יֶעדֶען גֶעלֶעגֶענְהַייט, וָואס אִיהם אִיז נָאר גֶעקוּמֶען צוּ דֶער הַאנְד.

וִוי מִיר וֵוייסֶען, אִיז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק דֶענְמָאלְט גֶעוֶוען זֶעהר אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַ קֶעגֶען הוֹרְדוֹסְ'ן אוּנ אִיז גְרֵייט גֶעוֶוען בַּיים קְלֶענְסְטֶען גֶעלֶעגֶענְהַייט מוֹרֵד זַיין אִין אִיהם אוּנ זִיךְ בֶּעפְרַייעֶן פוּן זַיין יָאךְ. דַארוּיף הָאט אוּנְזֶער קְלוּגֶער תַּנָא הִלֵל גֶעצִיעלְט מִיט זַיינֶע וֶוערְטֶער צוּם פָאלְק אוּנ זַיינֶע רֶעדֶען: „אִם אֵין אֲנִי לִי" – וֶוען אִיךְ אַלֵיין וֶועל מִיךְ נִישְׁט זֶעהֶען אוֹיסְצוּהֶעלְפֶען פוּן מַיין נוֹיטְה. „מִי לִי?" – וֶוער דֶען וֶועט מִיר הֶעלְפֶען? „וּכְשֶׁאֲנִי לְעַצְמִי" – נָאר אַז אִיךְ בֶּערֶעכֶען מַיינֶע קְרֶעפְטֶען, „מָה אֲנִי?" – וָואס הָאבּ אִיךְ בִּיכוֹלֶת צוּ טְהוּן, זִיךְ צוּ הֶעלְפֶען? אִין דִי יְדָאזִיגֶע קוּרְצֶע וֶוארְטֶער הָאט עֶר גֶעגִיעבֶּען דֶעם פָאלְק גֶענוּג צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען, אַז מִיט הוֹרְדוֹסְ'ן, וֶועלְכֶער הָאט מִיט זִיךְ צוּ הִילְף דִי שְׁטַארְקֶע מַאכְט פוּן דִי רוֹמִיִים, אִיז דֶערְוַוייל נָאר נִישְׁטָא וָואס צוּ מַאכֶען. נָאר עֶס וֶועט אָבֶּער קוּמֶען אַ צַייט אוֹיף אִיהם אוֹיךְ אוּנ עֶר וֶועט סוֹף כָּל סוֹף אַלֵיין הָאבֶּען דִי מַפָּלָה, וָוארוּם: „נְגִיד שְׁמָא" – דֶער וָואס שְׁטְרֶעבְּט זִיךְ צוּ בֶּעקוּמֶען אַ נָאמֶען „אֲבַד שְׁמֵיה" – דֶער פֶערְלִיעֶרְט זַיין נָאמֶען „וּדְאִשְׁתַּמֵּשׁ בְּתָגָא" – אוּנ דֶער וָואס בֶּענוּצְט זִיךְ מִיט דֶער מְלוּכָה קְרוֹין, וֶועלְכֶע קוּמְט אִיהם נָאר נִישְׁט – „חֲלָף", דֶער וֶועט אוּמְקוּמֶען פוּן דֶער וֶועלְט. עֶר הָאט דֶערְמִיט דַייטְלֶעךְ פָארְגֶעזָאגְט אוֹיף הוֹרְדוֹסְ'ן, וֶועלְכֶער הָאט אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִי גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע חַשְׁמוֹנָאִים, כְּדֵי דִי מְלוּכָה זָאל אוֹיף עֶבִּיג בְּלַייבֶּען נָאר פַאר אִיהם אוּנ זַיינֶע קִינְדֶער – אַז דֶער סוֹף וֶועט זַיין, אַז זַיין נָאמֶען, וֶועט אוֹיךְ נִיט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרֶען אוּנ עֶר וֶועט אִין אַ קוּרְצֶער צַייט אַרוּם אוּמְגֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען פוּן דֶער וֶועלְט.

הִלֵל הָאט אֵיינְמָאל דֶערְזֶעהֶען שְׁווִימֶען אויף'ן וואַסֶער אַ קָאפּ פוּן אַ־דֶערְטְרִינְקֶענֶם מֶענְטְשֶׁען . דָאס דָאזִיגֶע הָאט אַלֶע , וועלְכֶע זֶענֶען דֶערְבַּיי גֶעשְׁטַאנֶען , דֶערמָאנְט אִין דֶעם מֶערְהֶעבְרֵיי פוּן הוֹרְדוֹס'ן , וועלְכֶער הָאט אֵיינ־מָאל פֶערְבֶּעטֶען צוּ זִיךְ , צוּ גַאסְט זַיין שְׁוָואגֶער אֲרִיסְתּוֹבֻּל , דֶעם לֶעצְטֶען כֹּהֵן גָדוֹל פוּן דִי חַשְׁמוֹנָאִים , אוּנ גֶעהֶעגְדִיג מִיט אִיהם זִיךְ בָּאדֶען , גֶעהֵייסֶען זַיינֶע דִינֶער , זֵיי זָאלֶען אִיהם שְׁטִילֶערְהֵייד דֶער מְרַאנְקֶען . אוּנ כְּדֵי צוּ שְׁטִילֶען דָאס גֶעפִיהל פוּן נְקָמָה , וָואס ס'הָאט זִיךְ עֶרְוֶועקְט בַּיים פָאלְק , הָאט הִלֵל זִיךְ גֶעווֶענְדֶעט צוּם שְׁווִימֶענְדִיגֶען קָאפּ מִיט דִי וֶוערְטֶער , „עַל דְאַטֵּפְתְּ אַטְּפוּךְ" גֶעווִיס ווייל דוּ הָאסְט עֶמִיצֶען אַנְדֶערְשׁ דֶערְטְרַאנְקֶען , דֶערִיבֶּער הָאט מֶען דִיךְ דֶערְטְרַאנְקֶען , „וְסוֹף מְטַיְּפָיִךְ יְטוּפוּן" – אוּנ דֶער סוֹף פוּן דִי , ווֶעלְכֶע הָאבֶּען דִיךְ דֶערְטְרַאנְקֶען , ווֶעט זַיין אַז זֵיי ווֶעלֶען אוֹיךְ דֶערְטְרוּנְקֶען ווֶערֶען .

אוֹיךְ אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ , ווֶען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פְלֶעגְט זִיךְ צוּנוֹיפְקוּמֶען אִים סֻכּוֹת אוֹיף שִׂמְחַת בֵּית הַשׁוֹאֵבָה , פְלֶעגְט הִלֵל אוֹיךְ נִישְׁט אַוֶועקְלָאזֶען דָאס גֶעלֶעגֶענְהֵייט צוּ בֶּערוּהִיגֶען אוּנ אַיינְצוּשְׁטִילֶען דָאס פָאלְק , אַז סְ'ע זָאל צוּפְרִידֶען זַיין מִיט זַיין גוֹרָל אוּנ פְלֶעגְט זֵיי זָאגֶען : „אִם אֲנִי כַּאן" – ווֶען דֶער „אִיךְ" אִיז דָא , „הַכֹּל כַּאן" – אִיז אַלֶעס דָא , „וְאִם אֵין אֲנִי כַּאן" – ווֶען אָבֶּער דֶער „אִיךְ" אִיז נִישְׁטָא , „מִי כַּאן" – ווֶער ווֶעט דָא זַיין ? – ד. ה. ווֶען דָאס פָאלְק ווֶעט הָאבֶּען דָאס רֶעכְנוּנְג , ווֶעגֶען זַיין „אִיךְ" , ווֶעגֶען זִיךְ אַלֵיין , אַז אִין קֶעמְפּ־טֶען צוּ קְרִיעג אוּנ מִלְחָמָה אִיז עֶס צוּ שְׁוואַךְ , אוּנ ווֶעט בֶּעסֶער שְׁטִיל אִיבֶּערְטְרָאגֶען זַיינֶע צָרוֹת בִּיז אַ בֶּעסֶערֶע צֵייט , דֶעמָאלְט קָאן נָאךְ אַלְסְדִינְג קוּמֶען אוֹיךְ אַ לַאד אוּנ מֶען זָאל זִיךְ דָא נָאךְ אַמָאל מִיט גְרִינְגֶערֶע הַארְצֶער פְרֵייעֶן , פֶערְ־קֶעהרְט אָבֶּער , אַז דָאס פָאלְק ווֶעט נִיט גוּט בֶּערֶעכְנֶען זַיין „אִיךְ" ד. ה. זַיינֶע קְרֶאפְטֶען אוּנ ווֶעט ווֶעלֶען זִיךְ אוּנְטֶער גֶעהמֶען אַ זַאלֶעכֶס , וָואס אִיז אִיהם אִיבֶּער זַיינֶע כֹּחוֹת , דֶעמָאלְט קָאנֶען מִיר נָאךְ , חָלִילָה , פֶערְלִיעֶרֶען אוֹיךְ דָאס , וָואס מִיר פֶערְמָאגֶען אַ צִינְד .

אוּנ בִּכְלַל פְלֶעגְט עֶר אָפְט זָאגֶען , אַז מֶע דַארְף יֶעדֶען מֶענְשֶׁען בֶּעטְרַאכְטֶען פוּן דֶער גוּטֶער זַייט , אוּנ ווֶען מֶע זֶעהט פוּן עֶמִיצֶען עֶפֶּעס אַנְ־עוֹלָה , אַ מַעֲשֶׂה רָע , זָאל מֶען אִיהם נִישְׁט דָן זַיין אוּנ בֶּעשׁוּלְדִיגֶען . עֶהֶדֶער מְ'אִיז אַלֵיין גֶעפְּרוּבְט גֶעווָארֶען דֶערְמִיט אוּנ מְ'אִיז נִישְׁט גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דֶעם

אייגענעם נסיון. וויעדער קאן, נאך זיין מיינונג, קיין מענש אויף דער וועלט נישט זיכער זיין מיט זיך אליין, אז ווייל ער וועט לעבען, וועט ער קיין שום פעהלער ניט בעגעהען, אונ דעריבער דארף מען ליעב האבען יעדען מענשען אונ וואס נור פאר זיך איז ניט ליעב טאר מען דעם צווייטען נישט טהון.

פאר מחלוקת האט ער זיך געהיט ווי פאר פייער. בכדי נישט צו קומען צו קיין מחלוקת, פלעגט ער בעסער מבטל-זיין זיין דעה, אפילו פאר א יונגערען אונ קלענערען פון זיך. נור שלום פלעגט ער שטאנדיג פערלאנגען פונ'ם פאלק: מע זאל ליעב האבען שלום, אונ זיך נאכיאגען נאך שלום. אז ער פלעגט דערהערען אין גאס א געשריי פון קריעג פלעגט ער זאגען, אז ער איז זיכער אז דאס איז ניט ביי איהם אין דערהיים, ווייל ער האט גוט גע־קאנט זיינע בני־בית אז זיי ווייסען צו היטען דעם שלום, צו וועלכען ער האט זיי געוואהנט אונ וועלכער איז ביי איהם אזוי טהייער געווען.

סע ווייזט אויס, אז אין זיין צייט זענען אויך, ווי אין היינטיגע דורות, געווען א סך אזוינע וואס האבען וועניג וואס געהאלטען פון תורה לערנען, דער עקר איז ביי זיי געווען פרומקייט, פראווען חסידות; אקעגען אזעלכע פלעגט ער שטאנדיג זאגען: „אין בור ירא חטא" — קיין גראבער יונג, וואס לערענט קיין תורה, קאן גאר נישט אפגעהיט זיין פון זינד, „ולא עם הארץ חסיד" — אונ קיין עם הארץ קאן קיין חסיד ניט זיין. צו זעהענדיג ווי סע געהט צו ביי פיעל מלמדים מיט זייערע תלמידים, אז ביי יעדער קלענסטער זאך ווערט דער מלמד אונטערגעצונדען פאר כעס, אונ סע זענען דא פיעל תלמידים, וועלכע שאמען זיך איבערצופרעגען דאס וואס זיי פערשטעהען נישט ביים ערשטען אדער ביים צווייטען מאל — פלעגט ער שטאנדיג זאגען: „לא הביישן למד" — דער וואס שאמט זיך, וועט קיינמאל ניט קאנען לערנען, „ולא הקפדן מלמד" — אונ דער וואס ווערט ביי יעדער זאך באלד אויפגע־בראכט, דער קאן אונ טאר קיין מלמד ניט זיין.

ווי עזרא אין זיין צייט, אזוי האט אויך הלל אויפ'סנייע ערקלערט אונ געמאכט בעשטימטע כללים (מדות) דורך וועלכע די געזעצען פון דער תורה אונ איהרע מצות זאלען ערקלערט ווערען, כדי די תורה זאל ניט זיין

ווִי הֶפְקֵר בַּיי יֶעדֶען אִין דֶער הַאנְד צוּ עֶרְקְלֶערֶען זִי נָאךְ זַיין סְבָרָא.

הִלֵל הָאט אויךְ מְתַקֵן גֶעוֶוען פֶערְשִׁידֶענֶע תַּקָנוֹת, וֶועלְכֶע דָאס יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען אִין זַיין צייט הָאט גֶעפָאדֶערְט, אַזוֹי אַז זֵיי זָאלֶען נִישְׁט זַיין דֶערְ־ווִידֶער אַקֶעגֶען דִי גֶעזֶעצֶען פוּן דֶער תּוֹרָה. אַזוֹי הָאט עֶר אַיינְגֶעזֶעהֶען אַז דִי מִצְוָה פוּן שְׁמִטָה, וֶועלְכֶע בֶּעפְרַייט יֶעדֶען בַּעַל־חוֹב צוּ בֶּעצָאהלֶען וֶועמֶען עֶר אִיז שׁוּלְדִיג, אוּנ מֶע טָאר אִיהם אֲפִילוּ נִישְׁט מָאנֶען, דֶעסְגְלַייכֶען דָאס גֶעזֶעץ, אַז אֵיינֶער פֶערְקוֹיפְט דֶעם אַנְדֶערֶען אַ הוֹיז אָדֶער אַ פֶעלְד הָאט דֶער פֶערְקוֹיפֶער דָאס רֶעכְט אִין פֶערְלוֹיף פוּן אַ בֶּעשְׁטִימְטֶער צייט זַיין נַחֲלָה צוּרִיק אוֹיסְצוּקוֹיפֶען, ד. ה. אָפְּגֶעבֶּען דֶעם קוֹנֶה צוּרִיק דַיין גֶעלְד אוּנ דָאס הוֹיז אָדֶער דָאס פֶעלְד זָאל ווִיעדֶער גֶעהֶערֶען צוּ אִיהם – דִי דָאזִיגֶע צְווֵיי גֶעזֶעצֶען שְׁטֶערֶען זֶעהר דָאס לֶעבֶּען פוּנ׳ם פָאלְק. דָאס גֶעזֶעץ פוּן שְׁמִטָה שְׁטֶערְט אִין גַאנְצֶען דֶעם קְרֶעדִיט צְווִישֶׁען יוּדֶען: קֵיינֶער ווִיל דֶעם אַנְדֶערֶען נִיט לַייהֶען אַ פְּרוּטָה, ווַייל מֶע ווֵייסְט דָאךְ, אַז קוֹים וֶועט אָנְקוּמֶען שְׁמִטָה, וֶועט דָאס גֶעלְד פֶערְפַאלֶען ווֶערֶען. דֶעסְגְלַייכֶען אִיבֶּער דֶעם גֶעזֶעץ וֶועלְכֶער גִיט דָאס רֶעכְט דִי פֶערְקוֹיפֶער אוֹיסְצוּלֶאזֶען דִי פֶערְקוֹיפְטֶע נַחֲלָאוֹת אִין אַ בֶּעשְׁטִימְטֶען מֶשֶׁךְ צַייט, פְּלֶעגֶען זִיךְ דִי קוֹיפֶער שְׁטֶענְדִיג בֶּעהַאלְטֶען, וֶוען זֵיי הָאבֶּען נוּר דֶערְשְׁמֶעקְט אַז מֶע ווִיל זֵיי אוּמְקֶערֶען זֵייעֶר גֶעלְד אוּנ צוּרִיק אָפְּנֶעהמֶען דָאס הוֹיז אָדֶער דָאס פֶעלְד אוּנ פְּלֶעגֶען זִיךְ אַזוֹי לַאנְג נִישְׁט ווַייזֶען פַאר דִי פֶערְ־קוֹיפֶער בִּיז דִי גֶעווִיסֶע צַייט אִיז אִיבֶּערְגֶעלָאפֶען, נָאךְ וֶועלְכֶער דִי קְנִיָה אִיז שׁוֹין פֶערְפַאלֶען. כְּדֵי דִי דָאזִיגֶע צְווֵיי גֶעזֶעצֶען זָאלֶען שְׁטֶענְדִיג בְּלַייבֶּען בַּיי זֵייעֶר מַאכְט אוּנ זָאלֶען פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען נִישְׁט שְׁטֶערֶען דָאס לֶעבֶּען פוּנ׳ם פָאלְק, הָאט אוּנְזֶער קְלוּגֶער תַּנָא הִלֵל מְתַקֵן גֶעוֶוען, אַז דֶער מַלְוֶה, וֶועלְכֶער ווִיל בֶּעוָוארֶענֶען, אַז זַיין גֶעלְד זָאל אִיהם שְׁמִטָה נִיט פֶערְפַאלֶען ווֶערֶען, קָאן אַרַיינְטְרָאגֶען זַיינֶע וֶועקְסְלֶען צוּם בֵּית־דִין פַאר שְׁמִטָה. דֶעסְגְלַייכֶען דִי פֶערְקוֹיפֶער וֶועלְכֶע ווִילֶען אוֹיסְלֶאזֶען זֵייעֶר נַחֲלָה, קָאנֶען אַרַיינְטְרָאגֶען זֵייעֶר גֶעלְד, אִין אַ גֶעווִיסֶער קַאסֶע אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, וֶועלֶען זֵיי שׁוֹין זַיין זִיכֶער אוּנ וֶועלֶען שׁוֹין נִישְׁט קוּמֶען צוּ קֵיין הֶיזֵק.

קֶאן מֶען גָאר אֲפִילוּ בְּרֵיינְגֶען אוֹיף דֶער מַחֲשָׁבָה, אַז אַזַא קְלוּגֶער אוּנ גֶעלֶעהרְנְטֶער מַאן, ווִי הִלֵל, וֶועלְכֶער אִיז נָאךְ דֶערְצוּ גֶעוֶוען נָשִׂיא אִי־

די סַנְהֶדְרִין, זָאל נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען זַיין גְרוֹיסֶען ווערְטֶה, אַז ער שְׁטֶעהְט זעהר הויך בּיים גַאנְצֶען פָאלְק אוּנ אַז ס'איז נִישְׁט צוּ גֶעפִינֶען אַ צְווַייטֶען צוּ-נְ-אִיהם אִין תּוֹרָה, חָכְמָה, פְּרוּמְקַייט אוּנ גוּטֶע מִדוֹת? גֶעוִויס הָאט ער עס פֶערְשְׁטַאנֶען, נָאר דָאס אֵיינֶע הָאט ער נִיט גֶעקָאנְט פֶערְשְׁטֶעהֶען: וִוי אַזוֹי אַ מֶענְשׁ קָאן מִיט דֶעם אַלֶעמֶען שְׁטָאלְצִירֶען. ער פְלֶעגְט אָפְט זָאגֶען: מַרְבֶּה תּוֹרָה, דֶער ווָאס לֶערְנְט פִיעל תּוֹרָה. „מַרְבֶּה חַיִים"-דֶערְלֶאנְגֶערְט זִיךְ דֶערְמִיט דָאס לֶעבֶען אוּנ טְהוּט דֶערְמִיט נָאר זִיךְ אַלֵיין אַ טוֹבָה. „מַרְבֶּה יְשִׁיבָה"- ווער סֶע גֶעמְט צוּנוֹיף אַ סַךְ תַּלְמִידִים צוּ פִיהרֶען אַ יְשִׁיבָה, „מַרְבֶּה חָכְמָה"-עֶרְווֶערְבְּט זִיךְ דֶערְמִיט מֶעהְר חָכְמָה, ווַייל ווִיפִיעל מֶע לֶערְנְט פוּן רַבִּיים לֶערְנְט מֶען פוּן תַּלְמִידִים נָאךְ מֶעהְר, „מַרְבֶּה עֵצָה"- דֶער ווָאס אִיז שְׁטֶענְדִיג גְרֵייט יֶענֶעם צוּ הֶעלְפֶען מִיט רַאטְה, „מַרְבֶּה תְבוּנָה"- דוּרְךְ דֶעם גֶעווֹאהְנְט ער זִיךְ אַלְסְדִינְג צוּ טְהוּן מִיט פֶערְשְׁטַאנְד אוּנ בֶּעיִשׁוּבְ'ט. „מַרְבֶּה צְדָקָה" - ווער סֶע טְהוּט אַ סַךְ צְדָקָה מִיט יֶענֶעם, „מַרְבֶּה שָׁלוֹם" - דֶער פֶערְשַׁאפְט זִיךְ פִיעל גְלִיק אוּנ פְרִיעדֶען. „קָנָה שֵׁם טוֹב"- ווער סֶע הָאט דוּרְךְ גוּטֶע מִדוֹת פֶערְדִיעֶנְט אַ גוּטֶען נָאמֶען, „קָנָה לְעַצְמוֹ"- הָאט ער עס נָאר פִיר זִיךְ אַלֵיין בֶּעקוּמֶען, פִיר זַיין אֵיינֶעגֶעם גְלִיק, „קָנָה לוֹ דִבְרֵי תוֹרָה" - ווער ס'הָאט אוֹיף דֶער ווֶעלְט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ פֶערְמֶעגֶען פוּן תּוֹרָה, אוֹיף אִיבֶּערצוּלָאזֶען נָאכְ'ן טוֹיט, „קָנָה לוֹ חַיֵי עוֹלָם הַבָּא"-- דֶער הָאט זִיךְ פֶערְדִיעֶנְט אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיכְקַייט-עוֹלָם הַבָּא. הַכְּלָל דֶער מֶענְשׁ, וִוי גְרוֹיס, וִוי קְלוּג, וִוי גוּט אוּנ פְרוּם ער זָאל נִיט זַיין, הָאט ער זִיךְ דֶערְמִיט גָאר נִיט אִיבֶּערצוּנֶעהמֶען, ווַייל מִיט דִי אַלֶע מַעֲלוֹת מַאכְט ער נוּר זִיךְ אַלֵיין גְלִיקְלִיךְ, נִישְׁט קֵיינֶעם.

די דָאזִיגֶע חֲקִירָה פוּן אוּנְזֶער קְלוּגֶען אוּנ פְרוּמֶען תַּנָא אִיז אֵיינְגֶענְטְלִיךְ זעהר רִיכְטִיג. דֶער מֶענְשׁ הָאט כְּלָל נִישְׁט מִיט ווָאס צוּ שְׁטָאלְצִירֶען אַקֶעגֶען אַנְדֶערֶע, וִוי הוֹיךְ ער זָאל נִישְׁט שְׁטֶעהֶען אִין מִדוֹת אוּנ מַעֲלוֹת; פֶערֶקֶעהְרְט בּיים גְרֶעסְטֶען אוּנ הֶעכְסְטֶען שְׁטַאנְד דַארְף ער זִיךְ עֶרְשְׁט נִידֶערִיג אַרָאפְּלָאזֶען צוּ לִיעבּ יֶענֶעם אוּנ בַּיי יֶעדֶער קְלֵיינְסְטֶער ווָאהְלְטֶאטִיגֶער זַאךְ זִיךְ אִין גַאנְצֶען מְבַטֵל זַיין אוּנ גָאר פֶערְגֶעסֶען זַיין אֵייגֶענֶעם ווֶערְטְה. די דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע אוּנ הוֹיכֶע מַעֲלָה גֶעפִינֶען מִיר נוּר אִין אֵיין מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, ווֶעלְכֶען דִי תּוֹרָה שְׁטֶעלְט אוּנְז פָאר מִיט דִי ווֶערְטֶער: „וְהָאִישׁ מֹשֶׁה עָנָו מְאֹד מִכֹּל הָאָדָם אֲשֶׁר עַל פְּנֵי

הָאֲדָמָה"— דֶער גְרויסֶער מַאן משֶׁה הָאט זִיךְ זֶעהר קְלֵיין גֶעהַאלְטֶען, אַז קֵיין גְרֶעסֶערֶער עָנָו אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען אַלֶע מֶענְשֶׁען אויף דֶער וֶועלְט, אוּנ אַ צְוֵוייטֶען נָאךְ משֶׁה רַבֵּינוּ בֶּעגֶעגְנֶען מִיר הִלֵּל'ן אִין עֲנָווֹת אוּנ סַבְלָנוּת, וֶועגֶען וֶועלְכֶען דִי לֶעגֶענְדֶע גֶעוֶועהְלְט אוּנְז מִיט דִי דָאזִיגֶע וֶוארְטֶער:

ס'הָאט זִיךְ אֵיינְמָאל אֵיינֶער גֶעוֶועט מִיט'ן אַנְדֶערֶען אִין פִיער הוּנְדֶערְט גוּלְדֶען אַז עֶר וֶועט דֶעם בֶּעוואוּסְטֶען גֶעדוּלְדִיגֶען תַּנָא הִלֵּל אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען פוּן גֶעדוּלְד. — הִלֵּל אִיז שׁוֹין דֶעמָאלְט גֶעוֶועזֶען נָשִׂיא אִין דִי סַנְהֶדְרִין — אֵיינְמָאל פְרַייטָאג, וֶוען דֶער נָשִׂיא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ זִיךְ גֶעוַואשֶׁען אוּנ גֶעקֶעמְט לִכְבוֹד שַׁבָּת, אִיז דֶער מֶענְטשׁ אַרַיינְגֶעלָאפֶען צוּ אִיהם מִיט אַ גֶעפִילְדֶער אוּנ אָהן אַ שׁוּם דֶרֶךְ אֶרֶץ אוּנ הָאט גֶעשְׁרִיגֶען: וֶוער אִיז דָא דֶער הִלֵּל, וֶוער אִיז דָא דֶער הִלֵּל?!.

דֶער פְרוּמֶער תַּנָא אִיז אָבֶּער דֶערפוּן גָארְנִישְׁט נִתְפַּעֵל גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט תֵּכֶף גֶעכַאפְּט אויף זִיךְ אַ מַלְבּוּשׁ אוּנ מִיט אַ פְרַיינְדְלִיכֶען וֵוייכֶען טָאן זִיךְ צוּ אִיהם גֶעוֶוענְדֶעט:

— וָואס פֶערְלַאנְגְסְטוּ מֵיין קִינְד?

זֶעהֶענְדִיג דָאס רוּהִיגְקַייט פוּן הִלֵּל'ן, אַז עֶר הוֹיבְּט גָאר נִשְׁט אָן אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט צוּ זַיין, הָאט דֶער עַזוּת'נִיק בַּיי זִיךְ גֶערֶעכֶנְט, אַז עֶר וֶועט אִיהם וֵוענִיגְסְטֶענְס דֶערְצֶערֶענֶען מִיט אַזַא פְרַאגֶע, וֶועלְכֶע וֶועט בֶּערִיהֲרֶען זַיין פֶּערְזָאנְלִיכְקַייט, אוּנ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז דֶער נָשִׂיא אִיז אַ גֶעבּוֹירֶענֶער פוּן בָּבֶל הָאט עֶר זִיךְ צוּ אִיהם גֶעוֶוענְדֶעט מִיט עַזוּת:

— אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס צוּ פְרֶאגֶען.

— פְרֶעג, מֵיין קִינְד, פְרֶאג! הָאט אִיהם דֶער תַּנָא פְרַיינְדְלִיךְ גֶעאֶנְטְוֶוערְט.

— פַארוָואס הָאבֶּען עֶס אַלֶע בַּבְלִים אַ זֶעלְבֶע אוּנְפֶּארְמִיגֶע קָאפּ, וֶועלְכֶע מֶע זֶעהְט נִישְׁט בַּיי אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען?

— דוּ הָאסְט, מֵיין קִינְד, זֶעהר רִיכְטִיג גֶעפְרֶעגְט — הָאט אִיהם דֶער תַּנָא עֶרְנְסְטְלִיךְ גֶעאֶנְטְוֶוערְט — דִי סִבָּה דֶערפוּן אִיז, וָואס אִין בָּבֶל זֶענֶען נִישְׁטָא קֵיין גֶעניטֶע אַקוּשֶׁערְקֶעס, וֶועלְכֶע זָאלֶען פֶערְשְׁטֶעהֶען, וִוי אַזוֹי צוּ גֶעהֶמֶען דָאס קִינְד בְּעֵת עֶס וֶוערְט נוּר וָואס גֶעבּוֹירֶען אויף דֶער וֶועלְט.

דֶער מֶענְשׁ אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען פוּנ'ם נָשִׂיא'ס הוֹיז מִיט אַ פֶערְבִּיטֶערְט

הַארְץ, זֶעהֶענְדִיג מִיט וֶועמֶען עֶר הָאט צוּ טְהוּן אוּנ אַז ס'הַאלְט שׁוֹין גָאר נִיט וַוייט, אַז עֶר זָאל פֶערְשְׁפִּיעלֶען דִי פִיער הוּנְדֶערְט גוֹלְדֶען, אוֹיף וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ פֶערְוֶועט. נוּר עֶר הָאט זִיךְ אָבֶער נָאךְ נִישְׁט אִין גַאנְצֶען מְיָאֵשׁ גֶעוֶוען אוּנ זִיךְ גֶעפְּרוּבְט דָאס צְוֵוייטֶע מָאל, דֶער נָאךְ דָאס דְרִיטֶע מָאל אַרַיינְלוֹיפֶען צוּם נָשִׂיא אוּנ מִיט גְרוֹיס חוּצְפָּה וִויעדֶער גֶעשְׁרִיעֶגֶען:

–וואוּ אִיז דָאס הִלֵל? וואוּ אִיז דָאס הִלֵל?

דֶער פְרוּמֶער הִלֵל הָאט זִיךְ אָבֶער בַּיי יֶעדֶען מָאל זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ צוּ אִיהם גֶעוֶוענְדֶעט מִיט דִי וֶוארְטֶער:

–וָואס פֶערְלַאנְגְסְטוּ, מַיין קִינְד, וָואס פֶערְלַאנְגְסְטוּ?

אוּנ אוֹיפְ'ן אֶנְטְווֶער פוּן דֶעם מְחוּצָף-פָּנִים, אַז עֶר הָאט עֶטְוָואס צוּ פְּרֶעגֶען, הָאט עֶר אִיהם וִויעדֶער פְרַיינְדְלִיךְ גֶעאֶנְטְוֶוערְט:

–פְרֶעג, מַיין קִינְד, פְרֶעג!

דִי פְרַאגֶען בַּיים צְוֵוייטֶען אוּנ דְרִיטֶען מָאל זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶוען וֶועגֶען זַייטִיגֶע וֶועלְטְלִיכֶע זַאכֶען, אִיבֶּער וֶועלְכֶע ס'אִיז גָאר נִיט כְּדַאי גֶעוֶוען, מֶע זָאל אִיהם אַזוֹי בֶּעאוּנְרוּהִיגֶען, הִלֵל הָאט אָבֶער מִיט זַיין חָכְמָה בַּאלְד פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז יֶענֶער אִיז זִיךְ נוּר מִתְכַּוֵן אִיהם אַרַיינְצוּבְּרֶענְגֶען אִין דֶער הַקְפָּדָה, אוּנ הָאט אִיהם אוֹיף יֶעדֶער פְרַאגֶע גַאנְץ רוּהִיג אוּנ מִיט אַ פְרַיינְד-לִיכֶער מִינֶע גֶעגִיעבֶּען אַ רִיכְטִיגֶען אֶנְטְוֶוער. אוּנ אַז יֶענֶער הָאט אִיהם עֶנְדְלִיךְ גֶעזָאגְט, אַז עֶר הָאט נָאךְ זֶעהר אַ סַךְ שְׁאֵלוֹת אִיהם צוּ פְרֶעגֶען, נוּר עֶר הָאט מוֹרָא, עֶר זָאל אִיהם נִישְׁט דֶערְרַגְזֶנֶ'ען, הָאט דֶער פְרוּמֶער תַּנָא אִיהם גֶעבִּיטֶען זִיךְ זֶעצֶען בַּיים טִישׁ אוּנ זֶעצֶענְדִיג זִיךְ פַאר אִיהם, הָאט עֶר אִיהם בֶּערוּהִיגְט אוּנ גֶעזָאגְט:

–פְרֶעג, מַיין קִינְד, פְרֶעג! אַלסְדִינְג וָואס דוּ הָאסְט נוּר צוּ פְרֶעגֶען קָאנְסְטוּ פְרֶעגֶען.

יֶענֶער אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען זִיצֶען אַ וַויילֶע גָאר אָהן וֶוארְטֶער, הֶערְנָאךְ הָאט עֶר מִיט אַ טִיעפֶען זִיפְץ פוּנְ'ם הַארְצֶען זִיךְ בַּאז אָנְגֶערוּפֶען:

–דוּ בִּיסְט עֶס דֶער, וֶועלְכֶען מֶע רוּפְט הִלֵל דֶער נָשִׂיא?

–וָואס אִיז דֶען?

–אִיךְ וָואלְט גֶעוָואלְט אַז סֶע זָאל שׁוֹין בַּיי יוּדֶען מֶעהר נִיט זַיין

אַ זֶעלְבֶּע ווִי דוּ בִּיסְט!

—פַאר וָואס? פַאר וֶועלְכֶען בִּיסְטוּ דָאס אוֹיף מִיר אַזוֹי בֵּאז, מַיין קִינְד?— דָאס אִיהם הִלֵל פֶּערְוואוּנְדֶערְט גֶעפְרֶאגְט.

—דֶערְפַאר וָואס דוּרְךְ דִיר הָאבּ אִיךְ פֶערְלָארֶען אַ גְרוֹיסֶע סוּמֶע גֶעלְד— פִיער הוּנְדֶערְט גוּלְדֶען! – הָאט אִיהם יֶענֶער גֶעאֶנְטְוָוערְט אוּנ הָאט אִיהם דֶערְצֶאהלְט וֶועגֶען זַיין גֶעוֶועט מִיט זַיין פְרַיינְד אִין פִיער הוּנְדֶערְט גוּלְדֶען, וֶועלְכֶע עֶר וֶועט אַ צִינְד אִיבֶּער אִיהם פֶּערְשְׁפִּיעלֶען.

—וָואס קָאן אִיךְ דִיר הֶעלְפֶען, מַיין קִינְד? הָאט אִיהם דֶער גוּטֶער הִלֵל גֶעאֶנְטְוָוערְט מִיט רַחֲמָנוּת — וֶוען סֶע זָאל דִיר אֲפִילוּ קָאסְטֶען צְוֵויי מָאל פִיער הוּנְדֶערְט גוּלְדֶען, דַארְף אוֹיךְ הִלֵל נִיט אַרוֹיס פוּן גֶעדוּלְד, אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוּנ בֵּאז וֶוערֶען.

הָאט אִיהר וֶוען עֶס אִיז גֶעזֶעהֶען אָדֶער גֶעהֶערְט, לִיעבֶּע לֶעזֶער, אַזַא מִין סַבְלָנוּת בַּיי אַ מֶענְשֶׁען וֶועלְכֶער אִיז נוּר אַ בָּשָׂר וָדָם אוּנ הָאט אִין זִיךְ אַ גַאלְל?

וֶועגֶען זַיין זֶעלְטֶענֶעם גֶעדוּלְד אוּנ גְרוֹיס חָכְמָה, דוּרְךְ וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעקָאנְט אוֹיסְשְׁטֶעהֶען דִי גְרֶעסְטֶע שִׁגְעוֹנוֹת פוּן מֶענְשֶׁען, בִּכְדֵי זֵיי אַרוֹיסְצוּפִיהרֶען אוֹיפְ'ן אֶמֶת'ן, גוּטֶען וֶועג, דֶערְצֶאהלְט אוּנְז דִי לֶעגֶענְדֶע אַ צוּפַאל צְווִישֶׁען אִיהם אוּנ דְרַיי הֵיידֶען (דִי וֶועלְכֶע דִיעגֶען אָפְּגֶאטֶער), וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם, עֶר זָאל זֵיי מְגַיֵיר זַיין, נוּר מִיט אַזַא בֶּעדִינְג, בַּיי וֶועלְכֶען נוּר הִלֵל אַלֵיין הָאט גֶעקָאנְט נִיט אַרוֹיס פוּן דִי כֵּלִים אוּנ זֵיי נִישְׁט אַוֶועקְטְרַייבֶּען פוּן זִיךְ מִיט שַׁאנְד.

— אִיךְ ווִיל וֶוערֶען אַ יוּד! — אִיז אֵיינְמָאל אַ הֵיידֶע צוּ אִיהם גֶעקוּמֶען — דֶערְצֶאהלְט אוּנְז דִי לֶעגֶענְדֶע — אִיךְ ווִיל דִי זָאלְסְט מִיךְ מְגַיֵיר זַיין, נוּר מִיט דֶעם תְּנַאי, דוּ זָאלְסְט מִיךְ בַּאלְד מַאכֶען פַאר אַ כֹּהֵן גָדוֹל.

— גוּט! — הָאט אִיהם דֶער קְלוּגֶער הִלֵל רוּהִיג גֶעאֶנְטְוָוערְט — דוּ בִּיסְט זֶעהר גֶערֶעכְט, וָואס דוּ ווִילְסְט וֶוערֶען אַ כֹּהֵן גָדוֹל, דָאס אִיז בֶּאֱמֶת זֶעהר אַ שֵׁיינֶע שְׁטֶעלֶע, דוּ דַארְפְסְט דָאךְ אָבֶּער פְרִיהֶער לֶערְנֶען דִי תּוֹרָה כְּדֵי דִי זָאלְסְט פְרִיהֶער ווִיסֶען אַלְסְדִינְג, וָואס אַ כֹּהֵן גָדוֹל מוּז ווִיסֶען.

דֶער הֵיידֶע הָאט דַארוֹיף בַּאלְד מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען. עֶר הָאט זִיךְ מְגַיֵיר

גֶעוֶוען און זִיךְ פְּלַייסִיג גֶענוּמֶען צוּם לֶערְנֶען, נוּר קוֹמֶענְדִיג צוּם פָּסוּק: „וְהַזָּר הַקָּרֵב יוּמָת" — דֶער פְרֶעמְדֶער, וֶועלְכֶער טְרֶעט צוּ צוּ דֶער עֲבוֹדָה אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ מוּז שְׁטַארְבֶּען, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ לוֹיפֶען צוּ הִלֵל'ן אוּן הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט, וֶוער סֶע רֶעכְנֶט זִיךְ פַאר אַ פְרֶעמְדֶען צוּ דֶער דִינְסְט פוּן אַ כֹּהֵן גָדוֹל אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ. דֶער תַּנָא הָאט אִיהם גֶעאֶנְטְוֶוערְט אַז דֶער מֶענְשׁ, וֶועלְכֶער שְׁטַאמְט נוּר נִישְׁט אַרוֹיס פוּן אַהֲרֹן הַכֹּהֵן, עֶר מֶאג אֲפִילוּ זַיין דֶער מֶלֶךְ דָוִד אַלֵיין, הֵייסְט עֶר אַ פְרֶעמְדֶער צוּ דֶער כְּהוּנָה אוּן טָאר נִיט גֶעהְן צוּ דֶער עֲבוֹדָה אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ. דֶערְהֶערֶענְדִיג דֶעם אֶנְטְוֶוער, הָאט זִיךְ דֶער גֵר אַלֵיין גֶעמַאכְט דִי גְרֶאסְטֶע פָארְוִוירְפֶע, דֶערְפַאר, וָואס עֶר אִיז גָאר אַזוֹי נַארִישׁ גְעוֶוען צוּ פֶערְלַאנְגֶען אַזַא זַאךְ. וִוי קוּמְט עֶר, אַ גֶעבּוֹירֶענֶער הֵייְדֶע נָאךְ הֶערְצוּ, וֶועלְכֶער אִיז עֶרְשְׁט גֶעקוּמֶען, וִוי אַ פְרֶעמְדֶער מִיטְ'ן פֶּעקֶעל אוּן מִיטְ'ן זֶאקֶעל אוּן זִיךְ אַיינְגֶעבֶּעטֶען אִיהם אַרַיינְצוּנֶעהמֶען אִין כְּלַל יִשְׂרָאֵל — וִוי קוּמְט עֶר צוּ וֶועלֶען וֶוערֶען אַ כֹּהֵן גָדוֹל?

— אִיךְ וִויל אַ יוּד וֶוערֶען! — דֶערְצֵאהלְט אוּנְז דִי לֶעגֶענְדֶע פוּנְ'ם אַנְדֶערֶען הֵייְדֶע, וֶועלְכֶער אִיז גֶעקוּמֶען צוּם תַּנָא־הִלֵל, אִיךְ וִויל דוּ זָאלְסְט מִיךְ מְגַיֵר זַיין, נוּר בְּזֶה הַתְּנַאי, אַז דוּ זָאלְסְט מִיר נִיט דוּלְלֶען דֶעם קָאפּ אוּן נִיט צוּ גֶעהמֶען דִי צַייט מִיטְ'ן לֶערְנֶען דִי יוּדִישֶׁע רֶעלִיגְיֶע. אִיךְ וִויל דוּ זָאלְסְט מִיךְ בֶּעקַאנְט מַאכֶען מִיט דֶער גַאנְצֶער תּוֹרָה אַיינֶער אִין אֵיין מִינוּט, שְׁטֵעהֶענְדִיג אוֹיף אֵיין פוּס!

— גוּט הָאט דֶער קְלוֹגֶער תַּנָא אוֹיךְ דֶעם דָאזִיגֶען פְּרֵיינְדְלִיךְ גֶעאֶנְטְוֶוערְט — אוּנְזֶער גַאנְצֶע תּוֹרָה בֶּעשְׁטֵעהְט פוּן דַיינֶעטְוֶועגֶען אִין דֶעם גֶעזֶעץ: „וָואס דִיר אִיז נִישְׁט לִיעבּ — זָאלְסְטוּ דֶעם אַנְדֶערֶען נִישְׁט טְהוּן". דָאס אִיבֶּערִיגֶע וָואס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיעבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה אַחוּץ דֶעם, אִיז נִיט מֶעהר, וִוי אַ פֵּירוּשׁ, אַ עֶרְקְלֶארוּנְג צוּ יֶענֶעם גֶעזֶעץ. אוֹיבּ נוּר דָאס גֶעזֶעץ גֶעפֶעלְט דִיר, דַארְפְסְטוּ דָאס אִיבֶּערִיגֶע לֶערְנֶען אַלְס עֶרְקְלֶארוּנְג.

דֶער דָאזִיגֶער אֶנְטְוֶוער אִיז נַאטוּרְלִיךְ דֶעם הֵייְדֶע זֶעהר גֶעפֶעלֶען, עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד מְגַיֵר גֶעוֶוען אוּן זִיךְ פְלַייסִיג גֶענוּמֶען צוּ לֶערְנֶען תּוֹרָה.

דָאס דְרִיטֶע מָאל — דֶערְצֵאהלְט אוּנְז וַוייטֶער דִי לֶעגֶענְדֶע — אִיז אַ הֵייְדֶע גֶעקוּמֶען צוּם תַּנָא מִיט דֶער פְרַאגֶע: וִויפִיעל תּוֹרוֹת זֶענֶען דָא בַּיי

יודְען? און אַז הִלֵל הָאט אִיהם גֶעאֶנְטְוָוערְט, אַז סֶע זֶענֶען דָא צְוֵויי: אַ גֶעשְׁרִיעבֶּענֶע (תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב), און אַ מוּנְדְלִיכֶע (תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה), הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, אַז אִין דֶער עֶרְשְׁטֶער — קָאן עֶר גְלוֹיבֶּען אָבֶּער אִין דֶער אַנְדֶערֶער — נִישְׁט און דֶערוּם וִויל עֶר, אַז הִלֵל זָאל אִיהם מְגַיֵיר זַיין מִיט דֶעם בֶּעדִינְג, צוּ בְּלַייבֶּען נוּר בַּיי דֶער גֶעשְׁרִיעבֶּענֶער, בַּיי תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב.

גוּט! — הָאט עֶר אִיהם אוֹיךְ גֶעלַאסֶען גֶעאֶנְטְוָוערְט. עֶר הָאט אִיהם מְגַיֵיר גֶעוֶוען און אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט אִיהם לֶערְנֶען דִי תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב, וֶועלְכֶע אִיז אִיהם זֶעהר גֶעפֶעלֶען, נוּר דֶער בַּיי הָאט אִיהם הִלֵל לָאנְגְזַאם אוֹיפְגֶעוִויזֶען, אַז דִי תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב קָאן זִיךְ נִיט בֶּעגֶעהֶען אָהן דֶער תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה, און מוּז דוּרְךְ אִיהר עֶרְקְלֶערְט וֶוערֶען, וַוייל פִיעל אֶרְטֶער אִין תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב זֶענֶען נִיט דַייטְלִיךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁרִיעבֶּען און פָאדֶערֶען עֶרְקְלֶארוּנְג אוֹיסְוֶוענִיג, און אַזוֹ וִוי עֶר מוּז דָאךְ גְלוֹיבֶּען אַלְסְדִינְג, וָואס מֶע וֶועט אִיהם עֶרְקְלֶערֶען אוֹיף דִי דָאזִיגֶע אֶרְטֶער מוּז עֶר דָאךְ שׁוֹין מְכֵילָא גְלוֹיבֶּען אִין תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה.

טַאקִי דִי אֵיינֶעגֶע גֵרִים — דֶערְצֵאהלְט אוּנְז דִי לֶעגֶענְדֶע — זֶענֶען פְרִיהֶער גֶעקוּמֶען מִיט זֵייעֶרֶע שִׁגְעוֹנוֹת, אוֹיף וֶועלְכֶע אוֹפַנִים מֶע זָאל זֵיי מְגַיֵיר זַיין, צוּם תַּנָא שַׁמַאי, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען דֶער אָבּ־בֵּית־דִין פוּן דִי סַנְהֶדְרִין. שַׁמַאי אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען זֶעהר אַ שְׁטְרֶענְגֶער און גָאר אַ וִוינְצִינְגֶער סַבְלָן. עֶר הָאט זֵיי אַוֶועקְגֶעטְרִיבֶּען פוּן זִיךְ בְּבִזָיוֹן. אִין אַ צַייט אַרוּם, וֶוען יֶעדֶער הָאט זִיךְ גֶעפִיהלְט הֶעכְסְט צוּפְרִיעדֶען און גְלוּקְלִיךְ אִין דֶער יוּדִישֶׁער רֶעלִיגְיֶע, אִין וֶועלְכֶער דֶער גוּטֶער הִלֵל הָאט זֵיי אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט, זֶענֶען זֵיי זִיךְ גְרָאד אֵיינְמָאל אַלֶע צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען אִין אֵייז אָרְט און נָאכְדֶעם אַז זֵיי הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁמוּעֶסְט און אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען דֶערְצֵאהלְט, וִוי אַזוֹי מִיט יֶעדֶען הָאט פַּאסִירְט, בְּעֵת עֶר אִיז גֶעקוּמֶען זִיךְ מְגַיֵיר זַיין פְרִיהֶער בַּיי שַׁמַאי׳ן און דֶערְנָאךְ בַּיי הִלֵל׳ן, הָאבֶּען זֵיי אַלֶע דְרַיי אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי הֶענְד צוּם הִימֶעל און גֶעלוֹיבְּט גָאט, וָואס עֶר הָאט זֵיי אַרַיינְגֶענֶעבֶּען דֶעם גֶעדַאנְק זִיךְ דֶערְנָאךְ וֶוענְדֶען צוּ הִלֵל׳ן.

דָאס שְׁטְרֶענְגֶע בֶּעהַאנְדֶלֶען פוּן שַׁמַאי — הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט — וָואלְט אוּנְז גֶעקָאנְט גֶעוֶוען אוֹיף עֶבִּיג דֶערְוַוייטֶערֶען פוּנְ׳ם עֶבִּיגֶען גְלִיק. און נוּר

דאס גרויסע ענווה און פריינדליכקייט פון הלל'ן האט אונז געבראכט אין דער ריינער אמת'ער יודישער אמונה. איינער פון די גרים וועלכער האט געהאט געוואלט ווערען א כהן־גדול, איז אריבערגעלאפען צו שמאי'ן איהם איבערצוראשען דערמיט, וואס ניט קוקענדיג דערויף, וואס ער האט איהם פון זיך אוועקגעיאגט בחרפה, איז ער פון דעסטוועגען געווארען א יוד און ווייסט שוין איצט אליין, אז ער קאן קיין כהן גדול ניט זיין.

ביז אכציג תלמידים האבען געלערענט תורה און חכמה ביי הלל'ן און זענען דערנאך געווארען די גרעסטע לייט אין יענעם דור. דער קלענסטער צווישען זיי איז שוין געווען דער בעריהמטער פראָמער תנא רבי יוחנן בן זכאי, וועלכער איז אזוי גרויס געווען, אז ווען מיר זאלען וועלען דערצעהלען אלסדינג, וואס ער האט געטהון פאר דער תורה און פאר'ן פאלק אין זיין צייט וואלט דערפון געקאנט ווערען א בעזונדער גאנצער ספר. די אלע תלמידים האבען זיך גערופען מיט'ן נאמען: „בית הלל" (דאס הייסט הלל'ס)..

שמאי און הלל — צוויי גרויסע לייט, און אין כאראקטער צוויי קאנטראסטען. אזוי ווי הלל איז געווען ליעבליך, פריינדליך און אגרויסער סבלן אקעגען יעדען מענשען אין דער וועלט. אזוי איז שמאי, פערקערט, געווען זעהר שטרענג, קאפריזנע און אונגעדולדיג. ער האט אויך, ווי הלל געהאט פיעל תלמידים, וועלכע האבען זיך גערופען מיט'ן נאמען בית שמאי (דאס הויסט שמאי'ס). יעדער פון זיי, אי שמאי, אי הלל האבען געמאכט יעדער זיין איינפלוס אויף דעם כאראקטער פון זיינע תלמידים. ווי הלל, זענען אלע זיינע תלמידים געווען פרידליכע, רוהיגע, שטילע און געדולדיגע, האבען זיך דערוייטערט פון יעדער מחלוקת וואס קאן צו גארניט פיהרען. דא־געגען אבער שמאי'ס תלמידים זענען אלע געווען שטרענגע, אונגעדולדיגע, קריעגער און דיספוטירער. א געוויסע צייט נאכ'ן טויט פון שמאי און הלל זענען געווען גרויסע קריעג און מחלוקת צווישען זייערע צוויי פארטיעם תלמידים, די בית שמאי און די בית הלל; נור אלע חכמים, בפרט דאס פאלק האבען ערקאנט, אז די הלכה בלייבט אזוי ווי די בית הלל, ד. ה. אז מ'איז מחויב פאלגען און טהון אלסדינג, לויט די בית הלל האבען געלערענט,

ווייל זייער לעהרע איז דורכאוים לאגיש אונ איינשטימיג מיט דעם לעבען.

ס'איז שוין אנ׳ערך פון צוויי טויזענד יאהר אריבער זינט דער דאזיגער גלאנצענדער שטערען איז אונז אונטערגעגאנגען, אבער זיינע לעכטיגע שטראהלען הארען נאך ביז היינטיגען טאג נישט אויף צו בעלייכטען דעם וועג, וויהין נור מיר קעהרען אונ ווענדען זיך, אונ זיין העלע שיין בעגלייטעט אונז אויף יעדען שריט אונ טריט. אונ אז מיר הארען פון אנדערע דאס שאנע פרעדיגען וועגען הומאניטאט (מענשליכקייט), טאלעראנץ (געדולד) אונ פילאנטראפיע (מענשענליעבע), קאנען מיר מיט שטאלץ אויפהויבען דעם קאפ אונ מיט א שמייכעל זיך אנרופען איינער צום אנדערען: איהר הארט? ביי זיי איז דאס גאר א נייגעפונענע אמעריקא, א נייע מאראל-לעהרע, אונ מיר וויסען דערפון שוין גאנץ לאנג אונ לערנען עס נאך אין די קינדערשע יאהרען אין חדר שוין צוויי טויזענד יאהר, ביי אונזער פרומען, געדולדיגען אונ קלוגען זיידען הלל.



# יעזרא״ס קאטאלאג

~~~~~~~~~~~~

## אייגענע אויסגאבען :

1-2) משיחים צייטען א ציוניסטישער ראמאן 2 העפט — שלום עליכם.
3) ביז וואנען וועלען יודען זיין אין גלות ? — פלי.
4) פראפעססאר שפירא (ביאגראפיע) — וויערניקאווסקי.
5) מאקס נארדוי'ס רעדע אין בערלין — מקל.
6) וואס מיר זענען און וואס פון אונז וועט ווערען ? — ראבניצקי.
7) רבנו שמואל מאהליבער (ביאגראפיע) — מקל.
8) דער צווייטער ציוניסטען־קאנגרעס — מקל.
9-10) יודיש בלוט אויף א רפואה 2 העפט — פלי.
11-12) יודישע קינדער 2 העפט — א. אביון.
13) די יודישע באנק — מקל.
14) על הנסים, א רעדע אויף פורים — פלי.
15) רש״י (לעבענסבעשרייבונג) — ש. א. האראדעצקי
16) בלעטלעך געשיכטע (I דער צווייטער חורבן). ד״ר נ. נ. בירנבוים.
17-18) שלש סעודות־צייט 2 העפט. — י. וויערניקאווסקי.
19) דון יוסף נשיא — יוסף קלוזנער.
20) הלל הזקן — ח. א. מושקאט.
21) וואו איז אונזער עולם ? — רב־יוד.

פיר ברי״ם און ציוניסטען גרויסער ראבאט.
פרייז פאר יעדעס העפט 8 קאפ'

---

## פרעמדע אויסגאבען :

| | | |
|---|---|---|
| 1) צו ברידער ציוניסטען, צוויי רעדען פון מקל און פלי | פרייז | 5 קאפ'. |
| 2) אויף וואס בעדארפען יודען א לאנד ? „ שלום עליכם | „ | 8 „ |
| 3) צו אונזערע שוועסטער אין ציון „ „ | „ | 8 „ |
| 4) וואס דארפען מיר, פון א. ל. זיידמאנן. . . | „ | 10 „ |
| 5) על ציון ועל מקראיה, שפ״ר. . . . | „ | 15 „ |
| 6) רעיונות ע״ד הקונגרס, עהרענפרייז . . . | „ | 15 „ |
| 7) לוח אחיאסף תרנ״ט 1 רו״ב, מכורך הדר . . . | „ | 1,40 רו״כ. |
| 8) הגרן, מאסף לחכמת ישראל, האראדעצקי . . | „ | 75 קאפ'. |

אדרעססע : Издат. „ЭЗДРА“ Бердичевъ
~~~~~~~~~~~~